באָרים קאַרלאָוו

# וואו מיט אַן אלף

לידער



Boris Karloff

# Ble gydag Alef
## cerddi Idish

# Where with an Alef
## Yiddish poems

This volume was published through the generosity of David and Beth Tabatznik, in memory of
Mendel Tabatznik
Yiddish poet and novelist
(1894—1975)

Gwasg y Tair Chwaer — Three Sisters Press
Cae Fadog Farm, Rowen, County Gwynedd, Wales LL32 8YP, Britain

cyhoeddwyd mewn cyswllt — published in association with the

Oxford Institute for Yiddish Studies
Golden Cross Court
4 Cornmarket
Oxford OX1 3EX
England



ISBN 1 874386 11 0

בּאָרים קאַרלאָוו

# וואו מיט אַן אלף

## לידער

טײַערע, ליבע הירשע-בוק,
ווען ניט ה.ב. מרינקעס
וואָלט איך קיין קאַרלאָוו
ניט געווען.
ס'האָט זיך גאָר אויסגעלייזט
אַז די אור-אַלטע פראַגע
„וואו מיט אַן אלף?"
ווערט ווידער ביז ווײַטער
אַקטועל.
— וואו מיט אַן אלף?
— אפשר פאָרט אין יבנה?!
מיט ליבשאַפט,
— זײַן
קוב-באָר קאַרלאָוו
אָקספאָרד 14.7.96

# אינהאַלט

# דאָס גרעזעלע

פון צווישן אַלע ווילדע גראָזן
שטאַרצט אַרויסעט איינס אַ גרעזל
מיט צעפּראַלטע אָרעמס,
מיט בעטנדיקע אייגעלעך,
מיט אַ שמייכעלע פון אַ נעבעכדיק וועזן:

— נעמט מיך איך, ליבע ביימער,
דערהייבט מיך צו זיך, אין שיין!
לערנט מיך אויס, ליבע ביימער,
איך זאָל אויך אויסוואַקסן אַ בוים!

דורך די ביימערס צווייגן,
דורך די צווייגנס בלעטער
טוט פּאָוואָליע שטייגן
אַ שאָרכעניש אַלין העכער:

— בידנע, בידנע גרעזעלע,
אונדז פאַר דיין גרין העלדזעלע,
ווער האָט דיך נאַרייעט פאַרוועלן זיין אַ בוים?
ביסט דאָך פאַר זיך אַ גרעזעלע —
אַ גאַנץ וואַזשנינקער פאַרשוין...

הייסע, גרינע טרערעלעך פאַלן שטיל אַנידער, —
אויפן גראָז צעטראָטענע
ליגן מיינע לידער.

# מיין מאַמע

מיין מאַמע איז ניט סתם אַ מאַמע,
מיין מאַמע איז דער שטאָלצער שטאַם
פון וועלכן שטאַמען אַלע מאַמעס,
פון וועלעכן מיין ליבשאַפט שטאַמט.

מיין מאַמע איז ניט סתם אַ מאַמע,
צו מיר געווענדט, איר שמייכל שטראַלט
אַריבער טאָלן, בערג און ימען —
סיי איבער היים, ווי איבער קאַלטס...

אַזוי־אָט שענקט דעם טייך וואָס מעכטיקט זיך
זיין קראַפט, זיין רייפקייט און זיין עכטיקייט
אַ טיפער און אַ קלאָרער קוואַל.

# בענקשאַפֿט

קומען וועט ער צו דער מאַמען
בויגן זיך פֿאַר אירע קני
און די ליפּן וועלן שטאַמלען:
וויג מיך מאַמע, וויג מיך איינעט,
ס׳האָבן ברויזנדיקע ווינטן
מיך פֿאַרטריבן ווייט פֿון דאַנעט,
מיך פֿאַרטריבן ווייט פֿון הי.

קומען וועט ער אַ פֿאַרבענקטער,
טרערן הייסע קוים באַהאַלטן
און דעם פֿאָטער אין די פֿיס,
וועט ער פֿאָרכטיק דאַן אַ פֿאַל טאָן
און זיך בעטן: טאַטע, שענק מיר
דיין פֿון האַרצן טיפֿע בענטשונג,
אָן דיין ברכה איז ניט זיס.

קומען וועט ער צו זיין ברודער
האַלב צעטומלט האַלב פאַרלאָרן,
צו זיין שטיפער ניט־געשטויגן
וואָס איז קיינמאָל ניט געבוירן,
ניט געוועזן און ניט געוואָרן
און וועט בעטן: ברודער ליבער,
און דיין ליפּט־שלאָס טראָג מיך איבער...

קומען וועט ער, קומען וועט ער
שוין מיט יאָרן זאַטער, פעטער
און אין האַרצן ס׳וועט אַ ברי טאָן
פון זיין רוף דאָס וואָרט צעגליטע
ביזן מאַרך און ביז דער ריפּ
ווען ער וועט פאַר זיי אַ פאַל טאָן
און אַ שאַל טאָן:
— כ׳האָב אייך ליב!

# Nocturno

שפּעט ביינאַכט. עס שלאָפן וועלט־און־לייט
אונטערן וואַכן אָפּגלי פון צעהעלטע שטערן,
בלויז אַן איינזאַם נאַכטיק ווינטל אין דער ווייט
קאָן די מילדע שטילקייט קוים צעשטערן.

שפּעט ביינאַכט. עס שלאָפן קינד־און־קייט,
כ׳וואַרף מיין עלנט וואַכן בליק אין שפּיגל, —
דאָרט דערקען איך ווי פון אונטער זיבן ריגלען
דעם פאַרקריצטן שפּיגל־כתב, וואָס מיך געטריי באַגלייט.

שפּעט ביינאַכט. עס שלאָפט שוין גאָר מיין וועלט
און כ׳דערזע אין אַלטן שפּיגלס קאַלטן גלאָז
ווי אַיעדער שטריך און קנייטש דערבריט ווי פייער־אות,
ווי דעם זיידנס אַלטער ניגון פון אַיעדן רונצל קווועלט.

שפּעט, ביז שפּעט דעם זיידנס ניגון וואַכט
און אין מיינע קינד־און־קייט פאַררינגלט און פאַרוויגט עס ליגט...
דורכן קאַלטן גלאָז צוריק צו מיר דערבליקט
דעם טאַטנס שפּאָגל פרישע, זויבער קלאָרע שפּיגלשפּראַך...

# באַשערטקייט

פאַר צירע־ראַשע

פון יענעם סאַמע ערשטן בליק
ווען האָסט אַליין נאָך קיים פאַרשטאַנען
זיין אייביק זיסן טעם,
פון יענעם בליק —

געשפּאַלטן האָבן זיך די הימלען
און שטערן האָבן דאַן געשוואָרן:
אויף אייביק שפּיגלען זיך אין ימען,
און ימען: נאָכפּאָלגן די שטערן.

די שטייפע מילדקייט — רויע רייפקייט
האָט דאַן מיט כוואַלישער פאַרשייטקייט
אַ שפּאַר געטאָן פון אַלע עקן,
פאַרכלינעט דיך פון אַלע זייטן.

אָ דאַן, כאָטש גאָרניט ניט דערזאָגט נאָך,
האָסטו דערפילט אויף זיך די פליגלען
און טיף ביי זיך געשוואָרן פליען
כל־זמן עס בלענדט אין גאָרע הימלען
דאָס ליכט פון יענעם סאַמע ערשטן,
פון יענעם אייביק זיסן בליק.

# ממשות

מיט פליגל־פאָך,
מיט אָדלער־פלי
דערלאַנג צום תוך
ביז סאַמע גלי.
דערשפּיר דעם שטאָך,
דעם ביינער־בראָך,
דערגרייך צום מאַרך
און נאָך,
און נאָך...

און פלי —
אַרויף ביז סאַמע דנאָ,
און פלי —
ביז פאַלן,
ביז חלשות.
דערפלי צום עכטסטן לעצטן יאָ,
ווען גאָר און אַלין און גאָרנישט
ווערן ווידער —
איין ממשות.

# עפּעלע

דאָס קורצע ליד וואָס וואַרפט אַ לאַנגן שאָטן...
אין וועמען קאָן שוין זיין דאָס עפּעלע געראָטן?

און טאָמער ס׳גרילצט, ספּאָטיקעט זיך אַ גראַם,
איז דען אַ צופאַל דער אַלין גוברדיקער שטאַם?

אָך עפּעלע, זאָלסט ניט פּאַרקייקלען זיך צו ווייט,
ווען אַלע לידער, אַלע לידער ווערן קירצער פאַר דער צייט...

# ווערטערביכער

אויפן טיש עס ליגן פעטע ווערטערביכער
און געדולדיק וואַרטן זיי —
אויף געלערנטע ווערטערזוכער,
אויף געטרייע ווערטערזיפּער,
אויף צעהיצטע ווערטערקריכער.
און אַיעדער וואָס קומט אָן צו זיי — אַלין ווערט ער
אָנגעפילט און אָנגעשטאָפּט מיט ווערטער...

און אין די מאָגנס פון די פעטע ווערטערביכער
איז ווי אין מאָרג — אי לעבעדיק אי פריילעך:
יעדעס וואָרט צעגלידערט ליגט זיך ווי אַ גראַף, אַ מלך
אויף זיין אייגן אָרט — צעפּאַלמעסט,
אויף אַן אַנדער — גאָר צעכראַסטעט און צעווייכערט...

ליבע מענטשן, קומט אַריין אין ווערטערביכערס גיטער,
זוכט אייך אויס אַ וואָרט ביים פּעטן ווערטערהיטער.
און טאָמער ניט געפינט איר דאָ און דאָרט
אַן אויסגעשליפן וואָרט פאַר אייערע געמיטער,
סיי־ווי הערט ניט אויף צו נישטערן און זוכן —
ווייל דאָ אין יעדן אות עס ליגן היים צעגליטע
די פונקען פון פאַרשטערטע ווערטערוועלטן.

אויפן טיש צעוואָרפענע עס ליגן ווערטערביכער פּעטע
און שטיל, געדולדיק און באַדאַכט זיי וואַרטן —
אויף ווערטנזוכער,
ווערטנקלייבער,
ווערטנאיבערזיפער,
וואָס מוזן אָנקומען פון ברעגן ווייטע —
פון וואָלגע,
און פון האָדסאָן,
און פון ירדן.

# סאָנעט

געפינסט פאַר יעדן וואָרט זיין צווילינג,
פאַר יעדן גראַם זיין קלאַנגען ראַם,
פאַר יעדן האַרבסט זוכסט אויס זיין פרילינג —
נאָר בלייבן בלייבסטו אַלין פאַרשטראַמט.

ווייל ניט מיט קלאַנגיקן צונויפפאַל
עס ווערט געשטילט דער טויבער בראָך
פון ווערטערקרעכץ אינמיטן לויפן,
פון ניט⸗דערלאַנגען גלייך צום תוך.

און דאָך, און דאָך ווען ווערטער יאָגן
סיי זיך, סיי דיך אויף יעדן שפּאַן
דאַן איידער ס׳הייבט שוין אָן צו טאָגן —

קלייב אויס דאָס וואָרט וואָס דו ווילסט זאָגן
און וואָס געטריי וועט דיך דערטראָגן
פון צווייג געקלאַנג צום האַרץ פון שטאַם.

# פרויען צימער

שפּאַנסט אַריין אין פרויענצימער
ווי צוריק צו זיך אין הייל,
נאָר דיין בענקשאַפט ווערט ניט לינדער,
און דיין אומרו וועט ניט שטילן
דער אַריינשפּאַן פיבער־ליבער,
ווייל ניט דיינער איז דער צימער
און ניט דיינס איז דאָס געביין.

אויסגעהאַלדזט פון פרעמדע ליפּן,
ווערט דיר יעדער גלעט ניט ליב.
שטום צעלאָמיען זיך די ריפּן
ווען דערשלאָגן, מיט פאַראיבל
ווידער בלייבסט מיט זיך אַליין,
ווען ניט דיינס אַ קינד טוט כליפּען:
— טאַטע, קום צוריק אַהיים...

איז מיט וועמען בעטסט זיך איבער,
פוסטע גליקן ווילסט צעפידלען
ווען דו וואונדיקסט אויס אַ ליד,
ווען פון זיך מיט הייסע טריט
שפּאַנסט אַריין אין פרויענצימער?

# פונדעסטוועגן

— פון וואַנען קומסטו?
— כ׳קום פון... דעסטוועגן.
— פונדעסטוועגן?

— פון וואַנען קום איך, — פרעגסטו,
כ׳קום פונקט אַזוי ווי דו
פון וועגן און אומוועגן,
וואָס זייער מינדסטער טראָט־אָפּשניט
קאָן אַלע שלווה׳ס און נירוואַנעס איבערוועגן.

— און ווי זשע הייסט דיין וויכטיקסטער,
דיין סאַמע גלאַוונער וועג? — וואָלט איך דיך וועלן פרעגן.

— ווי זאָל ער הייסן יענער וועג,
דער וועג פון אַלע מיינע וועגן?
ער הייסט דער וועג פון באַרג אַרויף,
דער וועג פון זון און רעגן,
דער וועג פון שטאָלצן באַרג אַראָפּ,
מע זאָל עס נאָר דערלעבן.

# אַ פּנים

זאָלן גוטע פריינט און שונאים —
סיי חכמים, סיי בטלנים,
סיי פאַרגינער, סיי תּלינים —
גלייך דערקענען דיך אין פּנים.

מעגלעך ס׳איז אַן אַלטע עצה,
וואָס אין פילע מוחות דרייט זיך
און אין קלוגע ביכער רוט עס,
נאָר מע מוז עס דאָך דערמאָנען
צי פאַר מרדכי, צי פאַר המן,
פאַר יהונתן, פאַר ברוטוס —
אַז אַ פּנים איז אַפּנים
פיל מער עכטיקער און וואָרער
ווי אַ קאַלטע, טויבע פּלייצע.

זאָלן גוטע פריינט און שונאים —
בעלי־מאה, הוילע שנאָרער,
שיינע לייט, צי סתם גזלנים —
גלייך און קלאָר דערזען דיין פּנים.

# ווערטערשפּיל

כ׳האָב געמיינט צו זאָגן טָרויד,
נאָר באַקומען האָט זיך טרויד.
ס׳גראַמט זיך טרויד מיט הסתדרות
און מיט טָרויד לאַסט זיך פּאָרעט...

„אַלע ווערטער זיינען גלייך!״
שוין וויפל מאָל געהערט די חכמה,
וואָס צו חכמה איז זי שייך
ווי אַ שטויבעלע צו קאָסמאָס.

„אַלע ווערטער זיינען שיין!״
אַ שיינער זאָג וואָס זאָגט מיר גאָרנישט —
ס׳זיצט אַ ווערעמל אין כריין
און פּאָסמאַקעוועט זיך כראָניש.

אָבער חכמות אָן אַ זייט,
מע מוז דאָך אויסקומען מיט ווערטער,
מיט די וואָס רייסן זיך אין שטרייט,
מיט די וואָס קומען צו דער צייט
פון דאָ־הי און פון דער ווייט,
מיט ווערטער האַרבע און באַשערטע.

כ'האָב געקלערט צו זאָגן דיין
שטרענג ווי אין דין־תורה טאַקע,
נאָר אַרוים איז מיר גאָר דיין
ווי אין דער צאַרטער דממה־דקה...

# געדענקסטו...

געדענקסטו, געדענקסטו יענעם שיינעם, לאַנגן טאָג?
די וועלט האָט זיך צעקוועלט מיט אַלע זיבן יונגע זאַכן,
מיר האָבן דאַן אַזויפיל מאָל זיך נאָכאַנאַנד צונויפגעהאָפט,
האָסט מיך געפרעגט דערנאָך:
— דו שלאָפסט?
— ניין, ס׳נעמט מיך ניט דער שלאָף
און איך בין גליקלעך דאָ מיט דיר צו וואַכן...

געדענקסטו, געדענקסטו יענע קלאָרע, דרייסטע נאַכט?
די שטערן האָבן זיך צעזונגען ברייט אין הימלדיקע ספערן־פאַכן,
מיט ווייכן אָטעם האָסטו דאַן אויפסניי מיך אויסגעהאָפט
און מיך געפרעגט דערנאָך:
— דו שלאָפסט?
— ניין, ס׳נעמט מיך ניט דער שלאָף,
און איך בין גליקלעך דאָ מיט דיר צו וואַכן...

געדענקסטו, געדענקסטו דאָס דופטיק פרישע ערשטע יאָר?
הימל און ערד צעפּראַלט זיך האָבן פריי
מיט שטראַלן און מיט בלומען
און אַלין וואָס איז דערנאָך געשען פאַרבלייבן וועט אויף וואָר
ביז־ווען ס׳וועט ניט פאַרדאַרט ווערן מיין גומען.
געדענקען וועל איך ביז מיין לעצטן גלי
ווי דו האָסט דאַן מיין קאָפּ
אין דיינע הענט פאַרנומען:
— דו האָסט מיך ליב?
— איך האָב, איך האָב...
און איך בין גליקלעך וואָס כ׳האָב ד י ך געפונען...

# אַ מאַמע מיט אַ קינד

משה־אהרנען

אַ מאַמע מיט אַ קינד,
וואָס קאָן זיין שענער?
אין קלאָרע בלויע הימלען
פּאָכען פריידיק הענט און הענטעלעך
ווי פליגל,
די קליידער פלאַטערן ווי פענער
און רונד־אַרום —
וואָס קאָן זיין מילדער? —
אין גרויסן גרינעם פעלד,
פול מיט קינדערשן געפילדער,
דער מאַמעס קלאָרסטער שמייכל,
די זיסטע פרייד פון לאַכנדיקן קינד —
אַז ביים דערמאָנען זיך עס ווערט אַלץ לינדער, ווייכער
דער שאַרפסטער איבערבראָך פון ווי אויף ווינד.

אַ מאַמע מיט אַ קינד
אונטער די בלויסטע, העלסטע הימלען
ווען ס'זינגט דאָס קינדיש האַרץ מיט סאַמע יינגסטע טענער
ווען פרישע זון צעקושט זיך מיט די גראָזן גרינע —
עס קאָן דען עפּעס נאָך זיין שענער?

# דערוואַכונג

כ׳האָב אָנגעהויבן שפּעט
כ׳וועל אויפהערן פאַרפרי,
דער מאָרגנשטערן וועט
ערשט טאָן די נאַכט אַ ברי.

אַ יונגע, פרישע וועלט,
אויפוואַכנדיק פון שלאָף,
פאַרשלינגען וועט מיין גלעט
מיין נאַכטישן אָן שטראָף.

די הייסע, יונגע זון
וועט הייסן מונטער זיין
די גרויסע שטאָט — די וואונד —
פאַרגעסן וועט איר פּיין.

דער אַלטער בוים, ער וועט
אויך ווייטער שטיין דאָ־הי —
ווען אָנגעפאַנגען שפּעט
ס׳ווערט אויסגעשעפּט מיין ליד.

# מרים־שרה

סאַראַ פרישקייט אין דיין אָטעם, מרים־שרה,
אין די גרויסע שוואַרצע אייגעלעך די קלאָרע!

סאַראַ פרישקייט, סאַראַ קלאָרקייט, סאַראַ שמייכל
אויף די ליפּלעך אויסגעטאָקטע, אויף די בעקעלעך די ווייכע!

יעדער אינדערפרי איז דיר אַ פרישער אָנהייב,
טראָגן זאָלסט מיט פרייד און שטאָלץ דיין עלטער־באָבעס נאָמען!

דאָס גורל און דער וואונדער געמאַכט האָבן יד־אחת
אַז דו זאָלסט זיך צעשטראַלן — מיין טרייסט, מיין ליד, מיין נחת!

כ׳הער ניט אויף באַוואונדערן דאָס גליק, דעם נס דעם וואָרן —
סאַראַ פרישקייט אין דיין אָטעם, מרים־שרה!

1993 מערץ

# שפּאַצירנדיק מיטן טאַטן און זון

צוויי וועלטן האַלטסטו ביי דער האַנט
און ביידע וועלטן זיינען דיינע:
דיין מאָרגן און דיין נעכטן היינט
דעם וועג דעם זוניקן באַשיינען.

צוויי וועלטן האַלטן אונטער דיך:
אַ יונג, פריש וועלטל פול מיט ליכט,
אַ וועלט פון קנאָכיקן אויסדויער
וואָס קווועלט פון הימל און פון רויערד.

צוויי וועלטן פירן דיך פאַרליבט...
צי קען דען צייט דעם בונד צערייבן? —
אַז ביידע וועלן אייביק בלייבן
דיין לייב און לעבן און דיין ליד.

# פֿייכטע זאַנגען

ווען איך זאָל דאַן געקערט נאָר וויסן
אַז מע מעג זיך שוין צעקושן,
וואָלט מען פֿאַרשפּאָרט אַ ים מיט טרערן.

ווען איך וואָלט נאָר געקערט דערהערן
די רייפֿע מיידלשע באַגערן, —
כ׳וואָלט דעמלט ביזן פֿרי באַגינען
געוועבט אַרום דיר די פּויטינע
פֿון מיינע יינגלשע פֿאַרלאַנגען
אין פֿעלד ביים וואַלד אויף פֿייכטע זאַנגען.

ווען איך וואָלט דאַן, ווען איך וואָלט דעמלט...
נאָר שוין,
דער טרוים פֿאַרגייט אין דרעמל.
און בלויז צוזאָל אין מיטן דרינען
פֿון שפּעט ביינאַכט ביז פֿרי באַגינען
אָ־די דערמאָנונג טוט מיך פֿאַנגען
אין פֿעלד,
אין וואַלד,
אין פֿייכטע זאַנגען.

# אַרכי־לידערמאַן

מיין נאָמען אמתער איז — אַרכי־לידערמאַן,
כ׳פאַרזיכער אייך — כשמי כן אני,
ווי נאָר איך כאַפּ זיך אויף פאַרפרי
דערלאַנג איך באַלד דער וועלט אַ פרישן גראַם
נאָך איידער כ׳מורמל אוים די „מודה אני״.

און גלייך דערנאָך ס׳צעברויזט זיך אָן אַ שיעור
דער שטראָם דער מעכטיקער פון מיינע גראַמען,
ווען איך ביים אויסטאָן נאָכן פרישטיק די פּיזשאַמען,
ביים גאָלן זיך, פאַרפאַס אַ שפּאָגל נייעם שיר.

און אָט ביים שפּיגל כ׳שטיי און בינד זיך אוים דעם האַלסטוך
דערטאַפּנדיק אַן אַלטע סטרונע פאַר מיין נייאינקן געזאַנג
כ׳פּרואוו אוים אויפסניי די אויסגענוצטע ווערטער די צענטראַלסטע
און דאַן לנצח כ׳טו פאַרשרייבן זייער ריטמישן געקלאַנג.

דערנאָך ווען כ׳גיי אַרויס אין גאַס צו שכנים און צו שטיינער,
ווען ס׳איילן זיך אין שקאָלע דעם היגן שכנס זין,
דאַן לעבן ווידער אויף די דיכטערישע ביינער
און ס׳גראַמט זיך היימיש: „זאַווערוכע" מיט „חמסין".

אַזוי־אָ טאָג ווי נאַכט כ׳פאַרפלייץ די לידער־בערזע
מיט אימפּעט און מיט פליים פון אַ געפּרואווטן גראַמען־שטריקער
מיט אויסגעטאָגטע גראַמען און איינגעבראָקטע פערזן
וואו פאָלעווע פאַרשטעקט דעם ביטער־קורצן עיקר.

און יאָ, אַיעדן ברעקל ליד פאַרזאָרג איך גאַנץ כשורה
מיט פולער דאַטע: ס׳יאָר, דעם חודש און די שעה!
אַניט פאַרפעלט די וועלט די שורה אונטערשטע, די טיפע בשורה;
אַניט דער אייביקייט וועט אייביק זיין אַ שאָד!

און דאַן כ׳לאָז דרוקן אַלץ.
פון הר חרמון ביז באַרג מאָן־בלאַן,
פון חיפה ביז מאַיאַמי —
אין איטלעך ווינקל יידיש־וועלט מיין יעדער שיר דערפליט
און ווער נאָר עפנט אויף אַ פרישן בלאַט
און ניט געפינט דאָרט מיינס אַ ליד,
דער אָטעמט אָפּ מיט שבח:
„ברוך שפטרני!"

2.30 ביינאַכט, 19 מאַי — 10.30 אינדערפרי, 21 מאַי, 1993

# לוציפער

דער גרויסער פּאָעט
פון העט אינדערפרי ביז אָוונט שפּעט,
ער זיצט און וועבט —
און עס ווערט ניט אויסגעשעפּט;
ער זיצט און שפּינט —
און עס ווערט ניט אויסגעווועפּט,
ער מייסטרעווועט אויס
דעם געשפּין,
דעם געוועב,
די גינגאָלדן אויסגעכתיבעטע,
לויטער אויסגעזוננגענע,
די ווירטואָזיש אויסגעטאַנצטע
שורות שירה —
באַגיטיקטע פון זיינע לאָרבער־קראַנצן,
מיט גנאָדיקן קלינג־קלאַנג
פון גאָט געבענטשטע אַליטעראַציעס,
מיטן מאַיעסטעטישן גלאַנץ
פון ניסימדיק־פּערלדיקע ווערטער־מוטאַציעס.
אָן אַ מינדסטן ברעקל דרוקפּעלערישקייט —
פולע קרוגן זוניקער שעפערישקייט!
און הימלערד מיט בייטן רייפע וואָלקנזאַנגען
זיינען פאַר זיינע חוצפּהדיק שיינע געזאַנגען
די איינציק עכטע דעקאָראַציעס.

ווי לוציפער, ווי לוציפער
דערטראָגט דעם בלענדנדיקן שיין
אָ־דער געקראַנצטער פרינץ
וואָס ניט פּאַר מינץ
נאָר מיט אַלוועלטלעך הילכיקע אָוואַציעס
דערלאַנגט ער זיין געזאַנג דער וועלט צוקאָפּנס
און טראָפּנס
טויאיק שוויים אויפן פאַרהויבטן שטערן
באַקרוינען אונדזער גרויסן שטערן
פון מאָרגן־פרי ביז שפּעטסטן אָוונטשטערן...

# געלעבט האָט אַמאָל

געלעבט האָט אַמאָל אַ ייד אַ שיכור,
צי איז דאָס בלויז אַ פּרט צי דער ביטערער עיקר,
ניט געקאָנט האָט ער טרינקען,
נאָר געקאָנט האָט ער זינגען,
און געזונגען האָט ער גאָלדענע לידער דערעיקר.

דער ייד וואָלט געמעגט ווערן בייז און פאַרביטערט:
אַ גאַנץ לעבן געשטרעבט אַ מענטש צו ווערן,
נאָר דאָס לעבן פאַרשיכורט,
מיט מסירות געניכטערט
און דאָך גאָלדענע לידער געזונגען ביז טרערן.

ניט געוואָרן פאַרביטערט כאָטש פון יענער זייט טויער
פון זיין אייביק געגאַרטער מענטשלעכער ווערדע —
פולע ליפּן מיט שמייכל,
אויגן פולע מיט טרויער —
איז פאַרבליבן צו שטעקן אַן איינזאַמע ווערבע.

ניט מיט לייב, מיט נשמה געצאָלט פאַרן לעבן,
זיך צעצאָלט נישט מיט זיך, נאָר מיט די וואָס דערנעבן...
און באַצאָלט „מיט געזאַלצענע טרערן
פאַר אַביסל משוגע צו ווערן",
און מיט גאָלדענע לידער געמאָסטן די שטעגן.

ווער קאָן עס, איך בעט אייך, די וואונד היילן,
ווער קאָן עס שטילן דעם קינדס געוויין
עס זאָל קאָנען:
ניסים און מופתים פון דעם דיכטער דערציילן,
סאַראַ מענטש ער איז געווען?

# אפשר

אפשר זינגען נאָך אַ לידל
— טאַקע אויף טשיקאַווען?
ס׳ליגט אַ זעמל אַ פאַרטריקנטס
ביי אַ טעפּל קאַווע

וועלן קומען פינגער צוויי,
נעמען זיך צום זעמל,
אים צעקרישלען וועלן זיי
ווי מע פאַרשטיקט אַ פלעמל

און דאָס טעפּל אויפן טיש
וועט צוזען דעם צעשטער,
וועט אַ פינגער טאָן אַ וויש
אַראָפּ אַ קאַווע־טרער

ליפּן וועלן זופּן שטיל
גלייך ניט זיי מע מיינט
ווען די לעכערלעכע שפּיל
פאַרבייט אַ בעט מיט בייט...

אפשר זינגען נאָך אַ לידל,
— טאַקע אויף טשיקאַווען
פון צוויי פינגער מיט אַ זעמל,
פון ליפּן, און פון קאַווע?...

# ווידערשפּעניק?

אויפֿן עקראַן פֿון מיין קאָמפּיוטאָר
באַווייזט זיך ס׳פּנים פֿון דעם ניכטערן פּאָעט,
דאָס פּנים מיט אַ שמייכל פֿון ניט־גוטן
פֿרעגט:
— נו? ווי געפֿעלט אייך עפּעס מיין מוזיק
וואָס איך האָב צוגעפּאַסט צום אייבערשטנ׳ס סוזשעט?

— וואָס זאָל איך זאָגן, —
כ׳טו גלייך ענטפֿערן דעם דיכטער־פּנים:
— איך מיין חלילה ניט זיין גראָב צי ווידערשפּעניק,
נאָר לויט די אַלע אויבער־איכישע סמנים
איז דאָס אַן איידל מייסטערווערק פֿון עכטן שיזאָפֿרעניק.

ס׳צעבייזערט זיך דאָס פּנים,
ס׳ווערט אויף אַ ווײַלע בלאַסער,
דער שמייכל זיס־ווי־האָניק
פֿאַרגייט אין אַ גרימאַסע:

— וואָס מיינט איר מיט דעם זאָגן?!
איך מוז אייך זיין מודיע —
אַז אַלע מיר פאַרמאָגן
אין זיך שיזאָפרעניע!

איך שווייג,
מיין בליק איז מילד,
מיין שמייכל ז'ווייך ווי פוטער —
און רואיק,
מיט אַ פעסטער האַנט
פאַרלעש איך דעם קאָמפּיוטאָר.

# לחיים

מיר קומען צו דיר מיט וועגן פֿאַרוועריטע
דורך בלעטער צעריסענע
מיט שורות צעשטערטע.

מיר קומען ערשט אָן, אָט שטיל און אָט שטורמיש,
מיט פּירקאַנטיקע גרוסן
פֿאַרטייטשט און פֿאַרחומשט.

מיר קומען צו גיין און סע סקריפּען די דילן,
און מיר ווייסן אַז יעטווידן טראָט
וועסט דערשפּירן.

מיר קומען צוריק ניט ווי שאָטנס אָן פּנים,
נאָר ווי ליכטיקע, זוניקע שטראַלן
וואָס מאָנען:

דערלאַנג אונדז דעם ניגון
פֿאַרכאָרייעט, פֿאַריאַמבעט
מיט דער הילכיקער פֿרייד פֿון דיין ברוך הבא!

מיר קומען צו דיר
אויפֿגעריכטע פֿון וועגן
און ברענגען דיר גאָר אונדזער ברכה „צום=לעבן!"

## די וואָרע באַלאַדע

אַמאָל אין מיטן העלן טאָג
ווען ס׳האָט די זון אַ שיין געטאָן
אַרויס זיי זײַנען זאַלבעדריט,
געשפּאַנט מיט גיכע, שטאָלצע טריט —
אַ זי, אַן ער און צווישן זיי,
צווישן די גאָט־געבענטשטע צוויי
אַן אויסגעכאָליעט איינציק קינד.
און הפקר פאַרן בייזן ווינט
האָבן די דריי מיט ענגן שטעג
געלאָזט זיך אין אַ ווייטן וועג.

ס׳האָט נאָר אַ שיין געטאָן די זון,
און ווידער זיך פאַרשפּאַרט אין קלעם
פון שוואַרצע כמאַרעס רונד־אַרום
און בלויז דעם ווייטן שטערנס ברען
האָט אויפגעריכט דאַן זייער גאַנג
פאַרביי די שטרויכלען און די שרעק
וואָס לויערן אויף יעדן שטעג,
אויף יעדן טראָט, אויף יעדן שפּאַן.
געגאַנגען זיינען זיי „וואַ־באַנק"
אַ שפּיל טאָן מיטן גורל־וועג.

געזאָגט האָט ער צו פרוי און קינד:
— איך פייף זיך אויס אויף וויי און ווינד,
מיר מאַכן מיט דער האַנט אַ מאַך
אויף דעם פאַרבאָט צו גיין דעם שליאַך!
שטעלט פעסט איעדן נייעם טראָט,
מיר לאָזן זיך אויף גאָטס באַראָט
און פאַר געפאַר וואָס אונדז באַדראָט
אויף אָט דעם קאַלטן האַרטן וועג
באַשיצן וועט אונדז יענער טרויס
פון ווייטן אויסגעבענקטן ברעג,
און יעדער שטיין און יעדער בוים
וואָס מוז פאַרבלייבן נעבעך דאָ
וועט ווינענדיק אונדז בענטשן: גייט
און אין אַ גוטער שעה!

געזאָגט האָט זי צו מאַן און קינד:
— ניט מורא האָט פאַר בייזע הינט
וואָס האַווקען שטירענדיק די ציין
און ווילן בייסן אונדז ביז ביין.
כ'פאַריאָג זיי באַלד מיט מיין געביין
וואָס קען זיין וייך און האַרט ווי שטיין.
ניט מורא האָט פאַר קעלט און ווינט,
כ'וועל היטן אָטעם מיינעם היים
ער זאָל באַשירמען אייך אַצינד
פון אַל דאָס קאַלטס, פון אַל דאָס בייזס.
פאַר אייך כ'וועל שפרייטן מיינע האָר
ביז אונדזער חלום ברעכט די וואָר.

געזאָגט האָט גאָרנישט זיי דאָס קינד,
דעם ספק טיף ביי זיך פאַרהיט:
„צי ווייסן ניט די ליבע צוויי
אַז שוינען וועט דער וועג אונדז ניט?
אַז יעדער שפּור פון אונדז'רע טריט
איז ווי אַ בלוט־געשריפטס אויף שניי?
צי האָבן זיי ניט דעם פאַרשטאַנד, —
צו שוואַך עס זיינען לייב־און־ליד
דערברעכן זיך דורך טויבער וואַנט?" —
אַזוי האָט ס'קינד ביי זיך געקלערט
קיין נביא זיין איז ער ניט ווערט.

אין דרייען זיינען זיי אַוועק
אַקעגן שלאַקס־רעגנס און שלעק,
פאַרביי דעם גרייזן ריזן וואַלד,
דעם קלאָרן טייך, דעם רחבות־פעלד,
פאַרביי די וויינטן מיט די קעלט
מיט זייער פראָסטיקן געברום, —
אַוועק פון דעם פאַרסמטן קוואַל...
אַריבער איבער ברעג און ים
דערבראָכן זיך און דאַן דערלאַנגט —
צו זייער היימיש־הייסער זון
אין הימל־בלויקייטן געראַמט.

געזאַלבט מיט זון און מיט געזאַנג
אַוועק פון כמאַרעס און פון כמאַליעס
צום ברעג פון בראשיתדיקע כוואַליעס —
ער, און זי, און אינדערמיטן —
דאָס אויסגעכאָליעטע „באַנדיטל".

# מיין מלאך

הירשע־דוד

מיין גוטער בייזער מלאך מאָנט:
„שרייב, כ׳בעט דיך, נייע גוטע לידער!”
ווי קאָן איך — כ׳קלאָפּ דעם קאָפּ אין וואָנט, —
דאָס גראַמען־פלעכטן ז׳מיר דערווידער.

דע פאַקטאָ שרייב איך: אָך און ווײ,
כ׳וויל זיך נישט ריינוואַשן דע יורע:
עס פעלט מיר נישט אין נאָז קיין פליי,
נאָר ס׳פעלן אויסגעטאָקטע שורות.

מיין טרייער מלאך לאָזט נישט אָפּ,
ער מאָנט מיט גוטן און מיט בייזן
און מיט זיין אימפּעטיקן טראָפּ
כ׳טו מיינע בידנע גראַמען לייזן.

דעם בייזן גוטן מלאך פאָלגן
איז מיר באַשערט אין פרייד און פלאָגן.

# דיינו

ניט „שטימונגען" און ניט „אידייען"
און ניט „געדאַנקען מיט געפילן",
נאָר סתם אַזוי אַ קלאָרער אָפּהילך
פון גאָר דיין וועלט
אין אָוונט־שעהען שטילע.

ניט צו פיל הויכע ווערטער
אויסגעווייקטע
אין מוזיקאַלישע גלין־
קלאַנגען,
נאָר פּראָסט און פּשוט
פליסטערן ביז פרי
מיט פרישן שאָרכעניש פון זאַנגען.

און אויב אַמאָל ס׳וועט עמעצער אין גראָז, —
אויך דאָס, גלייב מיר, איז גאָר ניט ווייניק, —
ווי זיינס דערקענען דיינס אַן אות
און וועט זיך שפּיגלען אין דיין ווייטן עכאָ —
דיינו
און
דייך.

# „פּאַראַניקייט"

איז וואָס אַז איינער אַ באַגאַבטער דיכטער
פֿאַרשפּיצנדיק זיין פֿעדער האָט מעשה גראָזנער ריכטער
גענומען זיך צו מאַכן אַ סך־הכּל
צו אונדזער אויסגעבענקטן האָב און גוטס,
צו אונדזער אויסגעוויטיקט האַקל־פּאַקל?
— „פּאַראַניקייט", דאָס — זאָגט ער, — וועט פֿאַרבלייבן
אויף שטענדיק
און אויף תּמיד
און אויף אייביקע אייבאָקים!

אַקעגן דעם כ׳טו פֿרעגן:
— און פֿון דעם ביסל זיין און בלייבן,
מיט וועלכן אימעין וועט צענעסטן זיך אויף ווייטער
וועט מוזן אַלין דען טויגן נאָר אויף שייטער?

„פּאַראַניקייט“ ניט אויספּאַלן וועט באָקאָם,
דאָס ווייסט דאָך זיכער יעדער איינער,
יעדער מינדסטער בעל־בטחון.
אַניט וואָלט ניט געקאָנט געמאָלט זיין אַנדערש.
אַניט וואָלט קיינער,
קיינער
ניט געקערט שוין ווייטער זיך פּאַרמעסטן
זיך אויסלעבן אין אונדזער וואָרט,
אין אונדזער וואָר,
אין אונדזער חלום
אויסגעטרייסטן.

איז וואָס אַז ס׳זאָגט דער דיכטער:
„ווייטער קיינער!..“
צי מוז מען פּאַרדערפּאַר
פּאַרוואַרפן אים און זיך אַליין
מיט שטיינער?

# גיב קראַפט

מיין גאָט, גיב קראַפט זיך אויפהייבן אויפסניי
ווען ס׳דאַכט שוין אויס, אַז אַלע דיינע הימלען
זענען אויף אייביק איינגעפאַלן,
ווען ס׳דאַכט זיך אויס, אַז ס׳זענען שוין פאַרביי
די קלאָרסטע וואַסערן פון דיינע טיפע קוואַלן.

מיין גאָט, גיב קראַפט צו לינדערן דעם וויי
מיט ליבשאַפט, און מיט שמייכל, און מיט שאַרפזין,
דעם בראָך — מיט ברכה, און די פרייד —
מיט גלייכגעוויכט
אַקעגן אַלע צויבערן פון וואַנזין,
אַקעגן אַלע שימערן פון בייזער, פאַלשער ליכט.

מיין גאָט, גיב קראַפט זיך קעגנשטעלן פעסט
אַקעגן סאַמע רייצנדיקסטע מאָדעס,
דער טראָט דער אייגענער זאָל הילכן אויף פאָראויס
צום ברעג וואָס אָט ס׳איז דאָ און אָט ס׳איז אויס,
צום ראַנד וואָס צווישן דיר און מיר, בן־אדם.

# וואו מיט אַן אלף

וועלט!
אין טויזנט פנימער פאַרשטעלט
איך גיי צו דיר אויף טויזנט וועגן —
וואוהין? איך ווייס ניט וואו...

משה קולבאַק, 1920

פרעג נישט ווער,
פרעג נישט ווי,
פרעג נישט וואָס,
פרעג אפילו נישט ווען —
ווען זיך שפּיגלען אין נעץ פון דעם טוי אויפן גראָז,
פונעם טוי וואָס דערקוויקט דעם נאָך יונגן גאַנצפרי,
ווי די קוואַליקע טינט — די אומזיניקע פען.

פרעג נישט ווי,
פרעג נישט וואָס,
פרעג נישט ווען,
פרעג נישט ווער —
וועט פאַרנעמען ס'געזאַנג פון געבלי און געברען,
ווען די זון שטייט שוין הויך מיט איר פולקייט באַשווערט
און עס רייפט זיך ניט אויס נאָך דער ביטער־פאַרדראָס,
און ס'צעקוואַלט זיך מיט טויזנטער זונען די פען.

פרעג נישט וואָס,
פרעג נישט ווען,
פרעג נישט ווער,
פרעג נישט ווי —
וועט צו קילקייט פון אָוונטן טאָן זיך אַ קער
און וועט טוליען זיך מילד צו דער קלאָר־גראָוער פען
ווען עס קלינגט שוין די וועלט מיט איר לויטערסטער ליד —
פול מיט עכטיקסטן, פרעכטיקסטן, לעצטיקן צווייט.

פרעג נאָר וואו,
ווי עס פרעגט זיך די פייכטע נאָך גראָז
ווען עס טוט זיך אַ צי אַזוי האַסטיק צו שטראַלן.
מיט דעם וואו הייב זיך אויף,
און וועג טו זיך אַ לאָז, —
פרעג נאָר וואו,
פרעג נאָר וואו,
פרעג נאָר וואו מיט אַן אלף...

# בטחון

די ווערטער קלונג־קאָקעטישע — זיי קאָרטשען זיך סקעלעטיש
מיט אַ פאַרטוּיבטן שאַרבן־שמייכל,
וואָס הילכט אין אייביקייט אַריין.
די לידער וועגן לידער —
זיי קייקלען זיך אַראָפּ מעטאַפאָעטיש
ווי אין פאַרדאַרטן האַלדז אַ קאַרגער טראָפּן אויסגעגאַרטן וויין.

נאָר ווידער פאַנגט מען אָן
פון סאַמע אויבן ביז די טיפסטע נידער
מיט עכט פּאָעטיש אויסגעוויייטיקט וואָרט,
מיט וואָרט וואָס ניט פאַרשייט און ניט פאַרשעמט איז
און ס׳דויערט ערדיש און פראָפּעטיש
צו יעדער צייט אויף יעטווידיקן אָרט...

צו אייך, צו אייך, מיינע פאַרבענקטע ברידער,
כ׳דערטראָג דעם ניט דערזאָגטן אמת,
כ׳זינג אוים די ניט דערטרוימטע וואָר...
ווען ס׳קריצן בייזע ציינער: „היתכן?!״
ווען ס׳קרעכצן לאָמעביינער: „ס׳טייטש, ביז ווען?״
כ׳דערמאָן דאָס טרייע וואָרט
„וואָס קלינגט פאַר פיל שוין פרעמד״ —
ב ט ח ו ן

# מעינקע סאָנעט

אַ
געזאַנג
צו אַ גראַם
מוז מען קאָווען
אינגאַנצן באַפרייט
פון אַ יעטווידן גראַם.
ווי דאָס ליד וואָס עס פליט ווי
אָדלער באַפרייט פון ערדישע
קנופּן. ס׳מוז אַ שאַל טאָן, אַ שטראַל טאָן
די פרײדיקע רײפקייט פון דעם זינגערס
צעבוינענעם קלאַנג ווען מיט פליגלען עס טוט
זיך אַ כוואַליע מיט האָפערדיק פרייע אין דער
זייבערער שיין פון צעריגלטע אייביקע זונען,
אַריבער, פאַרביי דעם קנעכטישן צויבער פון שטייגן.
אַ געזאַנג צו אַ גראַם מוז זיין אַ געזאַנג צו דער פרייהייט.

## מאָסקווע 1992

ס׳האָט לידער געשריבן מיט מאָס און מיט גראַמען
נאָך איידער, נאָך איידער געפּלאַצט האָט דאָס שאַלן
פֿון רומפּולע בוויאונגען מיט צעפּויקטע דערגרייכונגען
פֿון פֿעלקערשאַפֿטס ברידערלעכקייטן מעטאַלענע,
דער בירגער געפֿרואווטער —
דער דיכטער דער יידישער.

ס׳האָט פֿערזן דערהויבענע און ליריש געמלעטע
געטעסעט און אויסגעהויכט פֿון ברעקעלעך וואָר
מיט ווערטער און ווערטעלעך יידיש פֿאַרפּראַווועטע
ביים ראַנד פֿון דעם לעצטיקן, דעם רויטן קאַיאָר,
דער יידישער דיכטער —
דער בירגער פֿאַרשמידטער.

דו בירגער, דו יידישער פֿון פֿעלדער צעשניטענע,
דו שטילער באַזינגער פֿונעם זיגרייכן שפּאַן,
אַצינד ליגט דיין לידערטום אַ וויסטיק צעשפּליטערטע
צוזאַמען מיט שטיקער צעטראָטענעם פּלאַן.

אַצינד, ווען די מוזע טוט ווינציק דיך שאַנעווען
דו, נעם זיך אין וועג ניט מיט שטאָלן געזאַנג,
ניט שטאָל, נאָר דאָס לעבן אַליין ט'זיך דערבאַרעמען
איבער דיין נעכטיקן לידערשן גאַנג.

אַצינד ווען דו שטייסט פאַר צעבראָכענעם מולטער שוין
און ס'קוועטשן מער ניט די צעקנוידערטע שיך,
ווען מע מעג שוין אַ טרינק טאָן פון די קוואַלן פון ליטערע,
טוט נאָך שטאַרקער דיר קלאַפּן אין האַרצן משיח. —
און ביטערע טרערן פאַרגיסט ער, אויפריכטיקע,
ביטערע טרערן פאַרגיסט ער אָן מאָס
איבער יעטווידן אמתדיק אויסגעווייטיקטן,
איבער יעטווידן דייניקן,
יידישן אות.

# קאַדיע מאָלאָדאָווסקי

— פאַרוואָס זיינען דאָ אַזוי פיל שטיינער אין ירושלים?
— ווייל יעדער ייד וואָס קומט אַהער
קייקלט זיך אים אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן.

— פאַרוואָס איז דאָ אַזוי פיל ליכט אין ירושלים?
— ווייל יעדן יידנס פנים דאָ
צו דער אייביקייט צעשטראַלט זיך.

— פאַרוואָס איז דאָ אַזוי פיל היין אין ירושלים?
— ווייל יעדער ייד וואָס קומט אַהער
פאַרלאָזט ער גאָר די קעלט אין דרויסן.

— זיין איך אויף אַ שטיין אַ הייסן
ביי די ליכטיקע טויערן פון ירושלים
און וואַרט אויף אַ קילן ירושלמער אָוונט־ווינטל...

## אָקספאָרד, 15טן יולי 1983

דערמאָנונג וועגן סוצקעווער ביים לייענען אַ פּנים,
די אויגן און די ברעמען האָבן אויסגעהילכט מוזיק,
אָן לייטישע געלעכטערלעך מיט יאַשטשערקעס־דראַקאָנען
גאָר אין אַ זייט פון כלומרשט קלוגע רייד און גאָלע פּוילע שטיק.

יע, יע אַיעטווידער געדענקט: פאַרבראַכט מיר האָבן יעמאָלט
פון גלעזעלעך לחיים אַיעדנס בליק צעגלאָזט
און ס'האָט צו אונדז אַ וואונק געטאָן דאָס דיכטערישע ברעמל
און ס'האָט זיך אין אַ פריינטשאַפט טאַנץ מיט איטלעכן געלאָזט.

אַוועקעט ס'זיינען יאָרן שוין, נאָר כ'קום אין יענער קרעטשמע
צו טועם זיין מיט חברהלייט פון גוטן וויסקי דעם בוקעט
און ס'טויכט אויף די דערמאָנונג ווי מיר האָבן דאַן בעזפּעטשנע
געפּרואווט פאַרזוכן ס'פּנים פון אַ יידישן פּאָעט.

ירושלים, 1993

## יידישע לידער

לידער פון אומרו פונקט ווי געזאַנגען פון רו
צי דאַרף מען זיי טייטשן, פאַרטייטשן,
צי דאַרף מען זיי נאָך קאָמענטירן?
לידער ווי קנאָספּיקע זאַנגען
וואָס רייפן און בעטן זיך שטיל:
„ניט לאָזט אונדז צורו,
און ניט טרייבט אונדז אַוועק מיט קיין קלוגיטשקע בייטשן,
מיטן ניכטערן דראַנג אונדז צעפּאַלמעסן
און פאַראינטערפּרעטירן..."
לידער וואָס מאָנען און האַסטיק פאַרלאַנגען
„אַנו, מיט אונדז טוט אַ שפּיל!"

זיי שטרעבן צו רוים ניט צו רום —
די ביז־ווייטאָג פאַרקריצטע געזאַנגען פון אומרו,
די גין־גאָלדענע יידישע לידער פון רו...

# די וועלט

די וועלט וואָס איז דאָ
וועט נאָך אויכעט ניט זיין מער,
די וועלט וואָס וועט זיין
וועט אויך ווייטער נישט ווערן,
איז לעבסטו זיך אויס אונטער הימל און שטערן
פון דער איינציקער וועלט,
וואָס מ׳זאָגט „זי ז׳נישטאָ מער״.

מיט די מעכטיקע שטראַלן
פון נעכטיקע זונען
די אַלטע פאַרוואָסן —
זיי ווערן אַנטרונען,
און דאָס ציכטיקע ליכט
וואָס ווערט אויסגעבאָרגן
פאַרהיט ס׳גלייכגעוויכט
ביים אויפשטייג פון מאָרגן.

און ס׳הייבן אָן שלאָגן
מיט האַרצקלאַפּ־געפּאָך
די געדעכטיקע, לעכטיקע, עכטיקע פליגלען
אין דער איינציקער וואונדערוועלט
צווישן ברכה און בראָך.

די וועלט וואָס איז דאָ —
גלייך ווי די וואָס געווען שוין,
די וועלט וואָס וועט זיין —
וועט נאָך מאָנען דיין בענטשונג,
ביים אויפלעבן ווידער
דורך שטיינער אויף גריבער
אין דער וועלט וואָס איז יאָ מער
צווישן יאָמער און טאָמער.

# אויסגעשלומט

רויע שורות,
מידע ווערטער,
איינגעדאַוונטע געדאַנקען,
קלאַנגען ווילדע און באַשערטע,
בראָך און ברכה —
דאַרע זאַנגען...

כלל און קללה,
אַלטע לוחות,
זיבן מלאכות —
וויניק ברכות...
נאָר דעם גורל אויף צו להכעיס
קענען אַלע בייזע וועטן
אויפן פעלד פאַרבייַ די יוכעס,
גלייך ווי אָקערשט פריש פון חלום, —
די זיבן שיינע קי די פעטע.

# אויסגעריסענע יאָרן

איך רייס די בלעטער פֿונעם קאַלענדאַר,
און פֿאַלנדיק זיי רייסן פֿון מיר שטיקער.

בינם העלער, 1978

אויסגעריסענע יאָרן
ווי שטיקער צעקנייטשטן לייוונט,
ווי שטיקער פּעך־שוואַרצע בערד, —
צי וועלן זיי ווערן פֿאַרלאָרן,
אויסגעזוופּט אין זיכרון,
אויסגעטריקנט, פֿאַרזשאַווערט —
די היים פֿאַרגאָסענע טרערן,
די בלוטיקע פֿלעקן פֿאַריתומט
אויף דער קאַלטער און נאַקעטער ערד?

אויסגערונענע וואָכן,
אויסגעשפּילטע חדשים,
אויסגעטרענצלטע טעג —
זיי טויכן ערשט אויף ווען בטחון
צעשמעלצט אי דעם שטאָלין אי די גאווה,
ווען שימל באַלעבט זיך מיט מאָכן,
ווען די מעכטיקע שטאַמען די שטייפֿע
מיט דינינקע קרוינען שעלמיש פֿאַרשייטע,
פֿאַרזיווגן הימל מיט ערד.

אויסגעוואָרצלטע יאָרן,
אויסגעהויכטע חדשים,
אין אומרו פֿאַרוואָגלטע טעג —
זיי וועלן געוויס, ווי דער קאָרן
אין פֿעלדער אום ווינטער געבאָרן,
אויף צו להכעיס דעם פּראָסטיקן רשע —
דעם ביטערן, שנייאיקן שרעק, —
מיט קלאָרקייט און פּשטות און יושר
באַגלייטן געטריי דיך אין וועג.

אויסגערונענע יאָרן,
אָפּגעריסענע בלעטלעך,
צערונצלטע שטיקער געוואַנט —
אַוועק פֿון די סדומישע בעטלעך,
פֿאַרביי סיי דעם ביטול סיי גוואַלד,
צום מאָרגן,
צו נייע קאַיאָרן —
דער היטער פֿון פריידן און פּלאָגן
מיט טריט מיט געמאָסטענע שפּאַנט.

# איז וואָס אַז מ׳האָט...

איז וואָס אַז מ׳האָט געזאָגט:
אין אָנהייב איז געווען דאָס וואָרט.
צי איז דאָס וואָרט אַליין שוין אַזוי וואָגיק?
אַז טאָג ווי נאַכט ס׳געפינט פאַר זיך קיין אָרט
אין טומלעניש פון וועלט, אין הימלרייכע שטילקייטן,
אין דעם ווירוואַר פון אומזין און פון לאָגיק.

איז וואָס אַז מ׳האָט געזאָגט:
אין אָנהייב איז געווען דער גראַם.
צי איז דער גראַם אַליין דען אַזוי וויכטיק?
ס׳פאַלט אָפּ צו אָפּט ווי אַ פאַרסמטער שטאַם
פון אָפּגעדאַרטן בוים וואָס איז פון אַלע גרינקייטן
אויף אייביק שוין געוואָרן אויסגעניכטערט.

איז וואָס, איז וואָס אַז מ׳האָט געזאָגט:
„זאָלסט זיך ניט שייען איבערגראַמען:
דיכטונג —
מיט אַמנעזיע,
זאָלסט וואַגן זיך פאַרצווילינגן",
גלייך ווי אויף גאָטס באַראָט,
די ווערטער צוויי:
„פאַרניכטונג —
און פּאָעזיע".

איז וואָס, איז וואָס אַז מ׳האָט דאָס אַלץ געזאָגט,
ווען ס׳איז באַשערט צו גראַמען פּאָרט,
צונויפצופירן אין איין גאָר:
די דיכטונג —
מיט דעם ליכט און
די פּאָעזיע —
מיט דעם ווי אייביק יונג, און פריש, און שיין זי איז.

# דו, מאַמע אייביקע

אַ זאָג געטאָן כ׳האָב איינמאָל צו מיין מוזע:
„דו לייג זיך ניט קיין פייגעלעך אין בוזעם״.

„פייגעלעך אין בוזעם״, זיאַמע טעלעסין

דו, מאַמע אייביקע פון סאַמע ריינסטע קלאַנגען,
צו דיר עס קומען טויזנטער סיי רייך סיי אָרעם
צו שלייפן זייער גלויבן אין דעם צויבער פון געזאַנגען
דו, מוטער ליבטיקע, דו, מוטערטראַכט פון זינען און פון פאָרעם.

אַצינד אויך איך זיך וואַג צו שטיין ביי דיינע שוועלן
און ס׳קלאַפּט דאָס האַרץ מיט פאָרכט, מיט פרייד, מיט ווילדער חוצפּה:
צי וועסט מיך נעמען פירן? צי וועסט מיך לאָזן קוועלן
מיט הייסן שאָרך פון קוואַל וואָס צערטלט, קושט און דוצט דיך?

דער וועג דערפירט צו דיר, צי גאָר פאַרפירט צום אומוועג?
ווי זאָל מען דינען דיר און אויסמיידן דעם אומזין
פון הוילן פוסטן שטאָלץ, פון גרענעצלאָזן אומעט,
אַז בלויז געציילטע גרייכן צו דער שפע פון דיין בוזעם?

די ווערטער ווי פאַרשטויבטע טויבן, פאַלן מידע דיר צופוסנס
נאָר אָסור וואַרטן כ׳זאָל אויף דיין גענאָד, אויף דיינע פרילינגס⸗גרוסן,
ווייל ווייסן כ׳ווייס אַז דו, די מאַמע אייביקע פון ריינסטע קלאַנגען,
אין אומרו און אין רו באַשערן וועסט מיר רייפע לידער⸗זאַנגען.

# אָנהייב פרילינג

דער יצר הרע וועקט זיך אויף אום פרילינג,
כאָטש אויך דעם לאַנגן ווינטער האָט ער קוים געדרעמלט
נאָר מיט דער פרילינגזון וועט ער באַוויליקט
זיך אויסצודרייען פונעם שכל'ס שוואַרצן רעמל.

אַנטקעגן דיר עס גייען שיינע, שטייפע ווייבער
נאָר מילדער ווערסטו, כאָטש דיין יעדער טראָט איז האַסטיק,
ווייל ניין, ניט קערפּערלעך דו האָרעוועסט, נאָר גייסטיק
ס'צעצערטלען זיך מיט דיר די זון־געזאַלבטע לייבער.

דער יצר טוב וויל אויך דעם פרילינג ניט פאַרשלאָפן,
ער קוקט זיך אום אויף יונגן ביימער־שאָטן,
אויף צאַרטע, פרישע צווייגן, אויף אויסגעבענקטע בליטן
„שוין צייט, שוין צייט," זאָגט ער, „מיט וועסנע זיך צעוויטן!"

דו שפּאַנסט פּאַראויס מיט אָט־די צוויי פאַרשווינען,
וואָס ווילן כלומרשט, ניט די זון, ניט דיך, ניט זיך, ניט שווינען —
און דאַנקסט דעם אייבערשטן פאַר אָט־דעם לייבלעכן געזעמל,
וואָס מאַכט דיר ליכטיקער דעם שכל'ס שוואַרצן רעמל.

# אין וואַלד

דער טאָג ווערט שוין אַלץ שטילער, און אַלץ מילדער
באַוועגן זיך די ליפּן ביז ס׳ווערט לינדער
דער האַסטיקער געשפּרעך ביים טאָג־אויף־נאַכט געברעך
ווען פייגל נעמען זינגען אָוונט שירה.

דער אָוונט ווערט שוין טיפער, און די שטראַלן —
אָט צאַנקט שוין זייער מידער לעצטער פאַלן
ביים ראַנד פון שטילקייט און פון פרישער קילקייט.
מ׳הערט איצט, דאַכט זיך, בלויז די פייגל שאַלן.

געדיכטער ווערט דאָס אָוונטיקע שווייגן,
מ׳הערט מערניט דעם שאָרך פון ביימער־צווייגן,
און ווייטער קוים ס׳באַוועגן זיך די ליפּן
אַיעדן קלאַנג פון שטילקייט דורכצוזיפּן.

און דאַן געבוירן ווערט נאָך יענעם שטילן צאַנקען
די יונגע דרייסטע פּראַכט פון נאַכטישע פאַרלאַנגען,
די רייפע קלאָרקייט פון פאַרטאָגיקע געדאַנקען —

ביז־ווען די נאַכט צענעמט פאַוואָליע אָרעמס אירע
און וועלט און וואַלד זיך שפּיגלען אין אַ נייער פייגל שירה.

# אַ ליד

אַ ליד צו דיר
איז פול מיט פרייד
און ליבשאַפט,
און ס׳נייטיקט זיך ניט, כ׳גלייב,
אין וואָרט־צעשטעל געניטשאַפט.

אַז איטלעך וואָרט
געפינט זייל קלאַנג, זיין אָרט
מיט רייפן טעם פון פשטות,

מיט אייביק פרישן גליק
ווען ס׳זינגט איעדער בליק
פון מיר ביי דיר געגנאַשטער.

# כל־זמן

איך בין דערוויַיל אומענדלעך און אומשטערבלעך
און ניט צוליב דעם סוף פֿון מײַנע טעג
ס׳צעזינגען זיך מיר טיף אין אָט־די בײַנער
די אייביקע קאַפּיטלעך תּהילים,
כאָטש ווייסן ווייס איך גוט,
אַז ס׳וואַרטן ערגעצוואו געדולדיק
מײַנע שערבלעך
אויף זייער שעה.

און כ׳אייל מיך ניט דערוויַיל
אַ שפּיל טאָן
אין די קונדייסקע אַזאַרטשפּילן
פֿון גייסטיקייט־און־לײַביקייט
מיט שטויביקער פֿאַרבלײַביקייט,
כאָטש ס׳פּויקט אוים שטאָלין
מיט אימפּעט
אַיעדער אָדער: „איך בין דאָ!"

ווייל אייביק לעבן וועט
מיין גאַרונג צו זיין ערלעך
מיט דיר, מיט זיך, מיט אָט־דער ערד,
מיט אונדזער גרענעצלאָזן הימלבלאָ.

ווייל יעדעם מינדסטע גרעזל,
יעדער קלענסטער טראָפּן רעגן
זאָגט מיר אונטער הערלעך:
— כּל־זמן, מיין פריינט, דו עכטיקסט דאָ —
ביסטו דערווייל אומענדלעך און אומשטערבלעך.

# שטרעקעס...

שטרעקעס ווייטע,
שטרעקט זיך אויס
איינס צום אַנדערן,
מאַכט אַ יד=אחת,
אַן עק צום וואָגלען,
אַ תכלית צום וואַנדערן.

שטרעקעס ליכטיקע,
מעכטיקע רחבותן,
צוימט גאָר די ווייטקייטן
פון גאָטס באַראָטן
מיט מענטשנס פאַרוואָסן
און מיט דער וועלטס מהמתן.

שטרעקעס ניכטערע,
איך שמייכל צו אייך אַרויס
מיין פאַרשיכורטע להוטקייט
און ביים אָפּריכטן מיין אייגן גאַנג,
רוף איך אויס:
— שטרעקעס,
שענקט מיר נאָענטקייט...

# פרילינגשטורעם

ס׳וועט אפשר שפּעטער ווערן קלאָר צי קלערער
ווי נאַקעט ס׳איז געווען דער בוים נאָך איידער
ס׳האָט זיך גענומען פאַר די קרומע צווייגן דער
האַרבסט, — דער טויבער, בלינדער, קאַלטער שערער.

דערווייל זשע טאַנצן, הוליען ווילד די שורות
און גיי פאַרשטיי, אַז ס׳איז אַ קאַצנשפּרונג ביז ווינטער,
ווען זשעדנע מיטן גרינעם זאַפט פאַרכלינען זיך די בלעטער,
און ווען מיט זון־און־שאָטן ס׳אָטעמט קלוג דער אַלטער צווינטער

אין סאַמע צענטער שטאָט, אין סאַמע מיטן פרילינגשטורעם.
און ליכטיק זינגט דאָס האַרץ ניט קלערנדיק פון קומער,
ס׳צעברויזט זיך מיט געזאַנג פאַרגעסנדיק אין אויפרייס,
וואָס לויערט מיט געדולד פון גוטן זייגערס ווייזער.

דאָס יונגע, שטאָלצע האַרץ — עס טאָר ניט זיין פאַראומערט
מיט שטעכיקן געפּעכט וואָס צווישן דאָ און נישט־זיין
ווי יענער בוים וואָס טוט זיך אָן אין געלבלעך־גרויען אומעט
ביים ווערן אויסגעקושט פון האַרבסט דעם קאַלטנס אייזן.

# דזשים

אַנטקעגן איבער אונדזער הויז, דער עלנטער, דער שמייכלענדיקער שכן
האָט קיינמאָל ניט פאַרלאָרן דעם בטחון,
אַז ער וועט אויסלעבן די יאָרן זייניקע, ווי ס׳מאַכט זיך,
ביז ער וועט ווערן פינף צי זעקס און אַכציק.

די גאַנצע גאַס האָט דאָס פאַרגונען אונדזער שכן,
און דאָך כאָטש ניט קיין פינף־און־אַכציקער ווערט ער אַ שוכן
עפר...

אַן אַלטע מעשה כלעבן: נאָך די יאָרן קומט דער שכל...
אין הימלען קעגנאיבער אונדזער הויז קוק, איך אַריינעט —
טאָמער
דערזעט מען דאָרטן צווישן כמאַרעס דעם שכנס ביטער־ווייכן שמייכל.

# דער מוילוואָרף

טאָג ווי נאַכט עס גראָבט און ראָיעט
טיף אין דרערד פאַרשמאַכט, פאַרפאָרעט
דער פאַרשטויבטער און פאַרגרויטער
אונדזער דרייסטער בעל־הנאָרע.

ס׳האַלט דער אַרבעטזאַמער קראָט,
אונטער די דינע גראָזנוואָרצלען
רק אין נישטערן און ראָיען,
רק אין גראָבן טראָט נאָך טראָט.

ס׳איז אין חושך אים באַשערט
רק צו זוכן די הסברה
וויאַזוי די שטראַלן קלאָרע,
די הייסע זונענשטראַלן שטאָלצע
ליכטיק פאַלן אויף דער ערד.

שוין זשע וועט דאָס גראָבן טויגן
אַז פאַרגרעבט ס׳זענען די אויגן?

# אַלאַסקאַ

(כמעט לויט קאָזמאַ פּרוטקאָוו)

די נאַכט שטומט אין אַלאַסקאַ,
טאָ זאָל זי רואיק שטומען,
די נאַכט איז בלויז אַ מאַסקע,
אַ שטילע שוואַרצע מאַסקע
וואָס דעקט די ווייטן ווייסע
מיט פֿריידן און מיט קומער.

בייטאָג אין קאָווערד־מאַרקעט
צערוכעוועט זיך קונים,
קצבים שטייען שטאַרקע
צום פֿלייש ווי צוגעוואַקסן
מיט מעסערס און מיט העק
און פֿרוכטן דאָ פֿאַרקויפֿן
יונגע, שלאַנקע שיקסעס
מיט אומפֿאַרדעקטע אַקסלען.

און אָט אויף יעדן שטעג
עס דרייען זיך אומענדלעך
אין אָט־דעם אייביק יונגן
אַלטמאָדיש גרויסן שטעטל —
טוריסטן און סטודענטלעך.

אין טאָקיאָ ווערט שפּעט שוין,
מיליאָנען מענטשן לויפן
פון זאַכלעכקייט צעטראָגן
מיט רענצעלעך און קוישן,
מיט בלומען און מיט נאָשעס,
און צווישן אַלע פּלאָגן
די ריקשעס ווי אויף שרויפן
אַלין יאָגן זיך און יאָגן
און קאָנען ניט אָניאָגן
דעם היגן בין־השמשות.

די בראָנקסקער אוניווערסיטעטער,
זיי קוקן שאַרף און בייזלעך
אויף גרויסע זין און טעכטער
וואָס ווילן מער ניט אומגיין
אין קורצע קינדער־הייזלעך
אויף גאַסן אויף ניו־יאָרקער.
זיי — קוקן, קוקן, קוקן
מיט אייפערדיקן באַנג
ביז ס׳ווערט מסוכן טרוקן
דער היגער זונפאַרגאַנג.

עס טאָגט שוין אין אַלאַסקאַ,
די זון פרישט אָפּ די שנייען,
זי זאָגט דעם ווינט: „בוד לאַסקאַ,
אָט לאָמיר זיך פאַרקנסן
און איבער ווייסע פליינען
דאָ כישופן אינצווייען!"

עס טאָגט שוין אין אַלאַסקאַ.
די צפון הינער קרייען...

# אויפן הימל אַ יריד

אין מיטן הימלישן יריד
זיצט אַ ייִד און נאָך אַ ייִד
און זיי פירן אַ געשפּרעך
מכּוח אָך און וועגן עך.

און ס׳צעזידט זיך הייס און שטאַרק
רונד־אַרום דער הימל־מאַרק.
— ייִדן כאַפּט ניט, לויפט ניט, וואַרט! —
שרייען ביידע אײַנגעשפּאַרט
אַנטקעגן הימלישן ווירוואַר.

נאָר עס העלפט ניט אויף אַ האָר
און די הימל־ייִדן גאָר
לויפן ווייטער... בלויז דאָס פּאָר
זיצט אינמיטן דעם גאַלאָפּ,
אינמיטן הימלישן הו־האָ.

ס׳איז געווען אַ טאָג אַזאַ
אַ יריד־טאָג און דערצו
אַ קורצער פֿרײַטיק מיט אַ קו,
וואָס איז געפֿלויגן איבערן דאַך
איז טאַקע אָך און ווידער אַך.

און די צוויי יידן פּלוצים: סטאָפּ!
דעם גע׳שפּרעך זיי לאָזן אָפּ,
און דורך שפּאַרונעס אין די וואָלקנס
קוקן זיי צו אונדז אַראָפּ.

זאָגט דער ערשטער פֿון די צוויי:
— ביי זיי איז אויך דאָרט אָך און ווי.
מאַכט דער צווייטער מיט אַ שטאָך:
— ניין, ביי זיי איז עך און אָך.
און זיי הייבן אויף אויפסניי
זייער הימליש אַמפּעריי.

אויפֿן הימל אַ יריד
ס׳זיצט אַ ייד און נאָך אַ ייד
און זיי פירן אַ גע׳שפּרעך
זאָגט איינער: אָך
דער צווייטער: עך...

# לעאָנאַרדאָ

זאָג, לעאָנאַרדאָ,
פֿאַרוואָס איז ביי דיר
אַ רענדל אַ בילד?
פֿאַרוואָס,
ווען אַלע אַנדערע גיגאַנטן
מיט קלענערע גיגאַנטלעך אָן אַ שיעור
און אַלע די וואָס ווערן ווערט דערמאָנט
עם כל הנערים, —
פֿאַרוואָס
ווען זיי האָבן ניט זעלטן
געמייסטרעוועט, געמאָלט
און אויסגעבילדעוועט אַ וועלט מיט בילדער,
האָסטו אונדז איבערלאָזט אַזוי פֿיל ווייניק,
אַז אַלע פֿאַלן פֿאַר התפּעלות כורעים
פֿאַר דיינס אַ בילד מיט וועלטן?
אַז אַלע אַזוי גיריק זען דיין בילד זיך ווינטשן
און גאַרן זיך דערשלאָגן צו דיין קוואַל?

עס שווייגט דער קלוגער אַלטיטשקער דאַ ווינטשי
און פֿאַר זיין שטומען אויסגעקליגטן שמייכל,
ווי אַ פֿאַרגאַפּטער נע=ונדניק אין אַ סודותפֿולן היכל,
עס טוט די אייביקייט אַ פֿאַל.

## די יידישע מוזע

די יידישע מוזע —
איז אַ יידישע מאַמע,
פֿאַר איר קינד איז זי גרייט
זיך צו וואַרפֿן אין פֿלאַמען.

נאָר די יידישע דיכטער,
אוי ווי מיר און ווינד מיר, —
צי זיינען זיי אַלע
ווי יידישע קינדער?

# די זיבן העלדן

אין אונדזער שיינער און פֿאַרשמטער דירה
געפֿינען זיך כסדר זיבן וואַזשנע אירע —
יעדערער פֿאַר זיך אַ גאַנץ וואוילע צאַצקע
מיט חנדעלעך מיט היימישע געקינצלט זאַליכוואַטסקע.

איז ווער זשע זיינען זיי די פֿיינע זיבן בריות,
אין וועמען ס'טוט זיך שפּיגלען אונדזער יידישלאַנד אימפּעריע?
אָט זיינען זיי, מע מוז זיי גלייך אויסמעלדן,
דאָס יידישלאַנד, אַזוי צו זאָגן, דאַרף קענען אירע העלדן:
דער בעל־צון,
דער בעל־שטאָטס,
דער בעל־סע,
דער בעל־קריק,
דער בעל־זגאַל,
דער בעל־מע!
און יאָ שיער ניט פֿאַרגעסן, אויך:
דער בעל־הפינעף,
אַז קוואַרן זאָל דאָס מויל וואָס וואַגט זיך גראַמען זיי מיט „טינוף"!

און פון וואַנעט שטאַמען זיי, די געשעצטע זיבן אירע,
וואָס האָבן אַזוי לייטיש פעסט באַזעצט אונדזער קוואַרטירע?
אַ קשיא אויף אַ מעשה, ס׳ווייסט דאָך יעדער בעל־וואָרטירער
פון אַלע פירע עקלעך וועלט ברענגט מען זיי צו פירן:
פון טשערנעווין און פון יעהופּין,
פון מינצק און פּינצק,
פון בוי־בע־ריק,
פון טונעיאַדעווקע
ביז קראַסנאָדופּעין,
פון מאָס־קע־ווע ביז לעמ־באַ־ריק...
אַז אָפּדאַרן זאָל יענע האַנט וואָס וויל זיי פירן אויף „קאַריק״!

און טאָמער ס׳מאַכט זיך עמיצער „וואויל־שקאָציש״ וויים־איך־וואָסיק
דעם מוז מען אָנרייבן אַ מאָרדע: „רעב יונגערמאַנטשיק ס׳איז — פּאַרדראָסיק!״

אַכלל דאָס לעבן וואָלט געווען גאַנץ פיין און באַלעבאַטיש
ווען אָט די זיבן קוואַרטיראַנטן זאָלן ניט זיין אַזוי דאָגמאַטיש „לאַטיש״...

# באָריס קאַרלאָוו

• געבוירן געוואָרן אין 1958 אין מאָסקווע • דערצויגן געוואָרן און געלערנט זיך אין ירושלים • וואוינט און אַרבעט אין אָקספאָרד • אָנגעהויבן שרייבן לידער אין 1993 • זיך געדרוקט אין "ירושלימער אַלמאַנאַך" • אין די ניו־יאָרקער זשורנאַלן "די צוקונפט" און "יידישער קולטור" • און אין תל־אביבער צייטונגען "לעצטע נייעס", "ישראל שטימע" און "נייע צייטונג" •

